ווילהעלם בוש

# דער ראבען נעסט

פריי בעארבייט אין יידיש

— דורך —

יונה טייטעל.

פארלאג ברידער לעוין-עפשטיין און שותפים

ווארשא 1921

PRINTED IN POLAND

געדרוקט ביי י. זעצער און ש. בריזפעס ווארשא, לעשנא 6.

# דער ראָבען-נעסט.

נאָטעל אין דעם גרויסען היטעל,
מאָטעל אין דעם מיצעל —
ביידע האָבען שוין אַנ'עֶסֶק,
גאָר אַקוינציג שפּיצעל.

האָבען ערגעץ-וואו אַלייטער
אויף אַהויף געקראָגען:
שלעפּען, רייסען-איין די כּוחות, —
נאָר מען מוז אים טראָגען:

אין אַנעסט, דאָרט אויף אַבוימעל,
האָדעווען זיך ראָבען, —
דאַרף מען זיי אַרויסבעקומען,
חֶבְרָה דאַרף עס האָבען!



צוגעשטעלט דעם גרויסן לייטער
צו דעם בוים דעם הויכן,
קלעטערן די בײדע שטיפער,
ראָבען צו דערגרייכן.

און די ראָבען דאָרטען אויבן
ציטערן און ברומען,
טוליען זיך אין נעסט דערשראָקען:
„רויבער, רויבער קומען!"

פלוצלונג דרייט־זיך־אום דער לייטער —
האָפּ! — און נאָטע, מאָטע
פליען הענדום אין־דערלופטען,
פאַלען אין אַ בלאָטע.

מיט די קעפּעלעך אין בלאָטע
ווערן איינגעזונקען;
בלויז די פּיסלעך שטעקן אויבן,
ווערן שיר דערטרונקען:

זעען דאָס די ראָבן אויבן,
זעען די מפּלה, —
לאַכן זיי: „אָ כאַ-כאַ, כאַ-כאַ:
פּריי פֿון אַ בהלה!“



גייט דערווייל פֿאַרביי אַ יעגער,
קוקט־זיך־אום צוביסלעך,
זעט ער אין געמייזעכץ שטעקן
קליינע קינדער־פֿיסלעך.

רופֿט ער צו זיין טרייען הינטעל:
— „מוציק! לויף געשווינדער!
לויף אין דעם געמייזעכץ גיכער,
שלעפּ־אַרויס די קינדער!“



לויפט דאָס הינטעל, ברענגט איינעם,
טראָגט עס אין די ציינער;
שיקט אים באַלד דער יעגער ווידער:
– „דאָרטען שטעקט נאָך איינער!“



נאָר דאָס הינטעל וויל שיין מער נישט,
וויל נישט זיין קיין שליח:
„מוחל, מוחל! זייט אליין זיך,
פּעטערל, מטריח!“...



מוז דער יעגער נעבעך פֿאָלגן, –
קאָן דעם הונט נישט נוצן!
קריכט אַליין אַריין אין בלאָטע,
ראַטעוועט דעם צווייטן.



איצטער גייען זיי, די שטיפערס,
האַלב פערשמירט אין בלאָטע:
שלעפּען מיט דעם שווערען לייטער,
האָבען שטאַרק חרטה.



אויך דער יעגער מיט זיין הינטעל,
מוציס, גייען ווייטער:
ביידע אין די שוואַרצע שטיוועל
שפּאַנען מונטער, הייטער.



אין די ראַבעך־אך, ביי זיי איז
גאָר א שמחת תורה:
ניצייל זענען זיי געוואָרען
פון אַ שרעק, אַ מורא.

מיט די פליגעלעך געאָרעמט
מאכט מען זיך אַ קרענצעל:
„קראַ־קראַ, קראַ־קראַ! האַ־האַ, האַ־האַ!“ –
און מען כאַפּט אַ טענצעל.



